# די ווילנער חברה צו ענטוויקלונג האנדווערקקונסט




ווילנא

בדפוס י. פיראזשניקאוו.

די חברה

# צו ענטוויקלונג

# האנדווערקונסט

און אדער בעדייטונג פאר אידישע בעלי מלאכהס

О значенiи Художественно-Промышленнаго Общества для улучшенiя ремеслъ

ВИЛЬНА.
Типографiя И. I. Пирожникова, Завальная ул. д. № 1147.
1905 г.

# די קונסט אין האנדווערקעריי.

צוקוקענדיג זיך צוא דער לאגע פון אונזערע יודישע בעלי מלאכות, מוזען מיר קומען צום טרויעריגען בעשלוס, אז זיא געהט וויא בארג אראב און ווערט פון טאג צוא טאג אלץ אונזיכערער און שוואכער, איניגע סבות, וועלכע זיינען גורם אט דיא טרויעריגע ערשיינונג אין אונזער לעבען, זיינען אלגעמיינע, און געפינען זיך ניט אין אונז גופא. וויא צום ביישפיל: דיא קאנקורענץ פון דיא פאבריקען, וועלכע פערדרענגען אין אסאך געביעטען דעם איינצעלנען האנדווערקער, און זוכען איהם צוא בעראויבען, דער צו מוזען מיר נאך צורעכנען דיא קאנקורענץ פון דיא ניט יודישע בעלי מלאכות, וועלכע זיינען אין פיעל הינזיכטען בעסער געשטעלט וויא דיא יודישע. ווען זיי בעשעפטיגען זיך אפילו מיט איין און דעם זעלבען האנדווערק, על פי רוב בלייבט דעם יודישען בעל מלאכה נאר דאס וואס פאלט אראב פון טיש, דיא איינפאכסטע און ביליגסטע ארבעט, וועלכע גיט פון איין זייט זעהר וועניג פרנסה, און פון דער אנדער זייט טומפט זיא אב מיט דער צייט דעם געשמאק, און דעם אמתען זין פון עטוואס

אהעבערין האנד ווערק, עס איז אבער א מעשה ווען מען מיינט אז צוא א האנדווערק בדארף מען נאר געשיקטע מוסקלען ווען מען מיינט אז געשמאק און געניטקייט דארפען דערצוא גאר ניט. געשמאק קען מען פאר שטענדיג ניט אויס לערנען אויף איין ארט. און דאס האנדווערק מאכט אויך גרויסע פארטשריטען און פערפאלקאמט זיך אלץ ווייטער, גוטע בעלי מלאכות ברענגען דיעזער האנדווערק ביז צוא דער מדרגה פון א קונסט־פאך, און נאר אזוינע בעלי מלאכות געהערט די צוקונפט, נאר זיי געהערט דער נצחון אין דער איצטיגער מלחמה פאר די עקזיסטענץ.

עס איז שוין לאנגע צייט, אז אויך מיר בעלי מלאכות וואלטען אנהייבען ערנסט צוא טראכטען וועגען אונזער לאגע און זוכען מיטלען וויא די איבערצובעסערען און מאכען זיא בעסער. אט די ארבעט איז צו בעסערען אונזער לאגע קאן געשאפען ווערען נאר פון אונז אליין. אין דעם איז אליין. מיר מוזען אנשטרענגען אונזערע אייגענע כחות וואס נאר אין זעלבסט הילף ליגט דיא אמת'ע הילף.

דעם יודישען האנדווערקער פעלען ביז היינטיגען טאג די געשטאלטענע ידיעות, די עלעמענטארע קענטניסע און העלפע. עס קאן ניט אויסקומען אים לעבען אפילו דער איינפאכסטער בעל מלאכה. יעדער בעל מלאכה מוז זיין אים שטאנד פערשטעהען א מאדעל, א צייכענונג, נאך וועלכער ער זאל קאנען אויספיהרען זיין ארבעט. אום אבער צוא פערשטעהן א צייכענונג מוז מען אליין אויך קאנען מעהר אבער וועניגער צייכענען. דערצוא געהערט אויך א ביסעל חשבון און נאך איניגע עלעמענטארע קענטניסע. מען מוז אויך האבען אידיעה אין דער געאמעטריע, וויא עס האבען זיך ענטוויקעלט

דיא פערשיידענע האנדווערקען, מען מוז האבען אבענגריף וועגען פערשידענע מעטאדעס וועלבע ווערען פראקטיש אנגעווענדעט צוא דער אדער יענער ארבעט, מען מוז אויך פערשטעהן צוא אונטערשיידען איין סטיל פון צווייטען, דאס זיינען דיא אלגעמיינע קענטניסע. וועלכע דער אויסלענדישער בעל מלאכה האט שאן לאנג דערגרייכט, און צוליעב וועלכע ער איז שטארק געווארען און פילט אפעסטען באדען אונטער זיינע פיס.

דיא תנאים פון לעבען. אין וועלכע מען האט אונז וועק געשטעלט, האבען אונז, ניט געלאזען מאכען פארטשריטע און ענטוויקעלען זיך וויא דיא ניט יודישע בעלי־מלאכות, עס איז שאן אבער צייט, אז מיר זאלען זיך אליין געהעמען פאר דיא אלגעמיינע ארבעט, כדי מיר זאלען נאך מעהר ניט אב שטעהן פון אונזערע שכנים, אויב ניט, קאן אונזער לאגע נאך טרויעריגער ווערען. מיר דארפען וויסען אז איבערען עתיד קאן האבין נאר דער געבילדעטער האנדווערקער, דער וואס שטעהט ניט אב פון דער אלגעמיינע ענטוויקעלונג.

צוא דעם צוועק, אום אויפצוהייבען דעם האנדווערקער צושטאנד אונטער אונז יודען. האט זיך געגרינדעט אין ווילנא א־חברה, וועלבע האט איהרע פון דער רעגירונג בעשטעטיגטע תקנות, דיא תקנות פון דער חברה זיינען זייער ברייט און גיבען אונז דיא מעגליכקייט פיעל, זייהר פיעל אויף צוטהון, עס ווענדעט זיך נאר פון אונז אליין, עס ווענדעט זיך פון דעם וויא אונזערע האנדווערקער וועלען זיך פערהאלטען צוא דער נייער חברה.

דיא נייע חברה האט נאך איהרע תקנות נאך דאס רעכט צוא עפענען אווענדקורסען וואו יעדער האנדווערקער

זָאל קָאנֶען זִיךְ פֶּערְפָאלְקָאמֶענֶען אִין דיא גֶעטְהִיגֶע יְדִיעוֹת וָועלְכֶע נֵיינֶען נוֹגֵעַ צוּא זַיין פַאךְ. דיא נַייֶע חֶבְרָה הָאט דָאס רֶעכְט צוּמַאכֶען פוּן צַייט צוּא צַייט אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְגֶען (וִויסְטַאווְקֶעס) אוּן בֶּעשְׁטִימֶען זָאנַאר, פְּרֶעמִיעֶס פַאר דִיא בֶּעסְטֶע אַרְבֶּעט אִין וֶועלְכֶען עֶס אִיז פַאךְ, (דָאס הֵייסְט קָאנְקוּרְסֶען) מִיר. זָאגֶען קִנְאַת סוֹפְרִים תַּרְבֶּה חָכְמָה, דָאס הֵייסְט דוּרְךְ דֶעם וָואס אַיין גֶעלֶערֶנְטֶער מֶענְשׁ אִיז זִיךְ מְקַנֵא אִין דֶעם צְוֵוייטֶען קוּמְט צוּא מֶעהְר וִויסֶענְשַׁאפְט אִים אַלְגֶע־מֵיינֶעם, דִיא זֶעלְבֶּע זַאךְ וֶועט אוֹיךְ זַיין וֶוען אוּנְזֶערֶע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת וֶועלֶען פוּן צַייט צוּא צַייט הָאבֶּען דִיא מֶעגְלִיכְקַייט אוֹיסְשְׁטֶעלֶען דִיא עֶרְצַייגְנִיסֶע פוּן זַייעֶר אַרְבֶּעט אוּן לֶערְנֶען זִיךְ אֵיינֶעם פוּן דֶעם אַנְדֶערְן. אוּן פַאר דִיא בֶּעסֶערֶע אַרְבֶּעט וֶועט יֶענֶער בֶּעקוּמֶען פֶערְשַׁיידֶענֶע נַאגְרַאדֶען, וִוי גֶעלְד, מֶעדַאילִין, זִילְבֶּערְנֶע אוּן גָאלְדֶערְנֶע, אוּן אוֹיךְ אוֹיסְשְׁטֶעלוּנְגֶם אַרוֹים צוּא פִירֶען אִין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעדְט פוּן רוּסְלַאנְד אוּן דִי אַרְבֶּעט צוּם פֶערְקוֹיפֶען. וַוייטֶער הָאט דִיא חֶבְרָה גֶעגְרִינְדֶעט אַ־בִּיבְּלִיאָטְהֶעק אוּן פֶערְשַׁאפֶען זִיךְ דִי פַאךְ בִּיכֶער מִיט צֵייכֶענוּנְגֶען וֶועלְכֶע קָאנֶען זֶעהֶער פִיעֶל נוּטְצֶען בְּרֵיינְגֶען אוּנְזֶערֶע בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת, דִיא בִּיכֶער וֶועלֶען גֶעוִויס הָאבֶּען אַ גְרוֹיסֶען וִוירְקוּנְג. אוֹיךְ דֶערְצוּא וֶועט זַיין אַיין גְרוֹיסֶער מוּזֶעאוּם פוּן פֶערְטִיגֶע אוֹיס אַרְבֶּעטְהוּנְג פוּן אַלֶע צַייטֶען אוּן פוּן אַלֶע לֶענְדֶער. אוּם צוּם הָאבֶּען אַיין בֶּעגְרִיף וִויא נָאךְ צוּא אַרְבֶּעטֶען, אוּן דֶער צוּא גְרִינְדֶעט מֶען בֶּעזָאנְדֶערֶע שְׁפִּיצִיעֶלֶע קוּרְסֶען, אוֹיף וֶועלְכֶע מֶען וֶועט לֵייעֶנֶען פֶערְשִׁידֶענֶע לֶעקְצִיעֶס, וֶועלְכֶע זַיינֶען נֶעטְהִיג אוּם צוּהֵייבֶּען דֶעם גַייסְט פוּן דֶעם הַאנְדְווֶערְקֶער.

וֶוען אוּנְזֶער בַּעֲלֵי מְלָאכוֹת וֶועלֶען פֶערְשְׁטֵיין, וִויא עֶרְנְסְט אוּן וִויא וִויכְטִיג אִיז דִיא אוֹיפְגַאבֶּע וֶועלְכֶע עֶס

שְׁטֶעהְט זֵייא פָּאר, זַיינֶען מִיר זִיכֶער אַז אוֹיךְ אוּנְזֶער אִינְטְעלִיגֶענְץ וָועט אוּנְז פִּיעֶל מִיט הֶעלְפִין, און דִיא אַלְגֶעמֵיינְע לַאגֶע פון אַגְרוֹיסֶען הֵלֶק פון אוּנְזֶער יוּדִישֶׁע בֶּעפֶעלְקֶערוּנְג וָועט מִיט דֶער צַייט אִין פִּיל הִינְזִיכְטֶען אוֹיסְגֶעבֶּעסֶערְט וֶוערֶען.

דִי צַייט שְׁטֶעהְט נִיט אוֹיף אֵיין אָרְט אַלְיין טָאג שַׁאפְּט זִיא נַייעֶס אִין אַלֶע גֶעבִּיעֶטֶען פון לֶעבֶּען עֶס אִיז שָׁאן צַייט, אַז אוֹיךְ אוּנְזֶער הַאנְדְוֶוערְקֶער זָאלֶען אַרוֹיף טְרֶעטֶען אוֹיפִין וֶועג וָועלְכֶע פִיהְרְט צוּא זֶעלְבְּסְט הִילְף און צוּא עֶנְטְוִויקְלוּנְג פון דִי כּחות וֶועלְכֶע שְׁלָאפֶען אַיין און גֶעהֶען לאיבוד, אוֹיסְנוּטְצֶען דִיא אֵיינֶענֶע כּחות, עֶנְטְוִויקְלֶען דֶעם גֶעשְׁמַאק און פֶערְשְׁטַאנְד - דֶערִין שְׁטֶעקְט אַ גַאנְצֶעס רַייכְטוּם, דִיזֶעס רַייכְטוּם קָאן אוּנְז נִיט גִיבְּרַאכְט· וֶוערֶען פון דְרוֹיסֶען וִויא אַ נְדָבָה, עֶס לִיעֶגְט אִין אוּנְז גוּפָא.

אָבֶּער צוּם בֶּעדוֹיעֶרְען הָאט דִיא מְלָאכָה פַאר אוּנְז קַיין גַאיסְטְלִיכֶען אִינְטֶערֶעס נִיט, מִיר הָאבֶּען אִיר פַּיינְט ווייל זִיא גִיט אוּנְז נִיט קַיין פֶּעדִינְסְט. נָאר דֶער פֶּעלֶער לִיגְט אִין אוּנְז גוּפָא מִיט אוּנְזֶערֶע נַארִישֶׁע קָאנְקוּרֶענְצִיע אֵיינֶער צוּם צְוֵוייטִין. מִיר קָאנְקוּרִירֶען נוּר פַאר בִּילִיגֶער פְּרַייזֶען. און דַאדוּרְךְ וֶוערְט דִי אַרְבֶּעט אַלֶעס עֶרְגֶער און עֶרְגֶער אוֹיס גֶעאַרְבֶּעט, און אָט דִיא וֶועג פִירְט אוּנְז צוּא אֶרעמְקַייט, און צוּם אוּנְטֶערְגַיין, וָועהְרִינְד דֶער נִיט יוּדִישֶׁער לִיבְּט זַיין פַאךְ עֶר זֶעהֶעט בֶּעסֶער דִיא אַרְבֶּעט אוֹיס צוּא פִירֶען, און בֶּעסֶער בֶּעצָאלְט צוּא וֶוערֶען.

צוּ דֶעם צְוֶועק אִיז דִי חֶבְרָה אִין שְׁטַאנְד צוּא קָאמֶען צוּא הִילְף יֶעדֶען אִין זַיין פַאךְ. יֶעדֶערִינְס פְּרַאגֶע וֶועט פִּינְקְטְלִיךְ פֶּערְעֶנְטְוֶוערְט וֶוערען פון גִילֶערְטֶע מֶענְשִׁין, וויא

הודאזְניקֶעס טֶעכְנִיקֶעס, אִינְזִינֶערִין, אויך שְׁפֶּעצִיילְנֶע פַאך מֶענֶער.

דִיא חֶבְרָה אִיז אָפֶען 2 מָאל וֶועכֶענְדְלִיך אָוֶוענְד וְואו יֶעדֶער קָאן קוּמֶען זִיך פֶערְשְׁרַייבֶּען אַלֶעס הַבֶר אויך יֶעדֶען טָאג וֶועט זִיא צוּא יֶעדֶער צַייט אָפֶען זַיין צוּא לֶעזֶען בִּיכֶער פָאן בִּיבְּלִיאָטְהֶעק פַאר יֶעדֶען פאך אויך צַייכֶענוּנְגֶען צוּא בֶּעקָאמֶען.

**דער אַדרעס פאָן דיא חברה איז**

## אויף נָוֶוע גַאס אִין דִי קַאנְטָאר פוּן רֶעפֶּעסְלֶענֶע אוּצִילִישְׁצֶע הוֹיז № 3



# אַ מיינונג

## פון דעם בעריהמטען סקולפטאר מ. אַנטאָקאָלסקי איבער די וויכטיגקייט פון קונסט פיר האנדווערקעריי



פיעל געלעהרטע לייט האבען זיך בעשעפטיגט מיט דער פראגע, ווי צו ענטוויקלען דעם יודישען האנדווערקער, אום ער זאל זיך אליין קאנען העלפען און אליין פערבעססערן זיין לאגע. וועגען דעם האט אויך געזארגט אונזער בעריהמטער סקולפטאר, דער זעליגער מרדכי בר' מתתיהו אנטאקאלסקי. וועהרענד ער איז געלעגען קראנק און האט אליין ניט געקענט שרייבען, האט ער דיקטירט וועגען דעם זיין שילער אליהו גינצבורג די פאלגענדע צייליען:

„דער גליק און צוזאמען דער אומגליק פון יודען בעשטעהט אין דעם, דאס זייערע פייהיגקאייטען זיינען אימער אנגעווענדעט געוועזען נור אויף צוויי געגענשטאנדען: אויף העבערע וויסענשאפט און אויף קאמערציע. אלע אנדערע בעשעפטיגונגען זייען געבליבען פיר זיי דורכאויס פרעמד.

איך מאך נור אויפמערקזאם אויף דעם פאקט, אבער איך בעשולדיג זיי ניט, ווייל דיא אורזאכע פון דעם ליעגט פיעל מעהר אין דיא פעלעהרן פון אנדערע, ווי אין זייערע אייגענע פעלעהרין. יעדענפאלס איז דאס נאר אזוי געוועזען אין דיא פערגאנגענע צייטען. יעצט שטעהט דיא זאך גאנץ אנדערס, און מיר זעהען אין רוסלאנד צום ב. ש. אונטער יודען א גרויסען קלאסס מענשען פון הונדערטע טויזענד ארבייטער, פון אלער האנד בעלי מלאכות און האנדווערקער וואס זיינען אים שטאנד פיעל נוטצען צוא בריינגען דעם לאנד

און פיעלעס פיר זיך זעלבסט צוא שאפען. עס איז אבער צום בעדויערן, דאס די פאליטישע און עקאנאמישע לאגע פון דיא ארבייטער קלאססען בכלל איז יעטצט ווי אומעטום, אזוי אין רוססלאנד, זעהר נידעריג. נאך מעהר איז געזונקען דיא לאגע פון דיא יודישע ארבייטער אין רוססלאנד. דער יודישער ארבייטער ווערד זעהר שלעכט בעלאהנט. דאהער איז ער געצוואונגען צו לעבען אין גרויס דחקות, אין ארמוטה, ער הארעוועט ווי איין עזעל, און לעבט אויך ווי איין עזעל. ניט האבענדיג א פרייען מינוט צו זארגען וועגען העכערע בעדערפעניסע, וועגען בילדונג און געטליבקייט, דעריבער ווען עלטערן גיבען אב א קינד אין דיא לעהרע צוא א בעל מלאכה, טהוען זיי דאס זיכער אדער צו ליעב דעם וואס זיי זיינען זעלבסט גרויסע ארעמע לייט און פערמאגען ניט בעסער צו ערציהען זייער קינד, אדער ווייל דאס קינד איז צוא קיין בעסערע און העכערע ערציעהונג ניט פייהיג. אין דעסען, דער וואס איז בעקאנט מיט דעם ארבייטער-צושטאנד אין אויסלאנד, ווייס, דאס בילדונג און קענטניסע שפיעלען אין לעבען פונים בעל מלאכה אויך א וויכטיגע ראלע. דיא האנדווערקעריי אין איהרע פערשיעדענע ארטען האט דארט שוין לאנג איהר אייגענע געשיכטע, איהר אייגענע ליטעראטור, יעטצט ווערד געפאדערט פון דעם בעל־מלאכה ניט נור געזונדע מוסקעלן, פהיזישע קראפט, אבער נאך מעהר פער־שטאנד, רייכע פאנטאזיע און גוטער געשמאק. דיזעס אלעס האט דער ארבייטער אין אויסלאנד צו פערדאנקען זיין בעסערע לאגע, ווי ביי אונז. דיזעס אלעס מאכט איהם האבער, אלס מענש און בירגער, ווי דאס איז צו זעהען, צום ב. ש. אין פראנקרייך און דערגלאייכען.

וואס יודען בעטרעפט, האבען מיך פיעלאהריגע אונ־טערזובענגען געבראכט דיא איבערצייגונג, דאס זיי זייען

פאלקאם פיהיג צוא פערנעהמען, אלס ארבייטער, אין דער געזעלשאפט איין עהרענפלאטץ. איך זאג נאך מעהר: דיא ערנסטע בעשעפטיגונג מיט ארבייט אונד האנדווערקעריי איז איהם שטאנד צוא לאזען און צוא מאכען איין ענדע פון דיא שווערע יודענפראגע. ארבייטער זייען, ערשטענס, א וועלכע מענשען וואס זייען איבעראל נייטהיג. צווייטענס: קאנען דיא ארבייטער איבעראל לעבען זעלבשטענדיג. דריטענס, ווען דער נויטה בריינגט ארויסצופהארען אין איין אנדערע לאנד אדער אין איין אנדער שטאדט, איז דאס דעם ארבייטער, וואס זיין פערמאגען בעשטעהט אין זיינע פינף פינגער, פיעל לייכטער צו טאהן איידער דעם האנדעלסמאן און דערגלייכען.

וועלכע מיטטעלן דארף מען אנווענדען, אום צו פער-ברייטערן אונטער יודען, גוטע, פיהיגע און וויסענדע ארבייטער וועגען דעם האף איך נאך דיא געלעגענהייט צוא האבען איין אנדער מאל צוא שפרעכען, יעטצט קאן איך נאר זאגען, דאס דיעזע אויפגאבע איז פיעל איינפאכער גרינגער און לייכטער ווי מאן איז געוואהנט וועגען דעם צוא דענקען.

דיעזע מיינונג וועגען יודישע בעלי מלאכות האט דער קינסטלער אנטאקאלסקי אויסגעדריקט א קורצע צייט פאר זיין טויד, מיט דיעזע געדאנקען וועגען זיינע ברידער האט ער געענדיגט זיין לעבען, וואס ער האט פערבראכט אין פלייסיגען ארבייט פיר די קונסט און פיר דיא מענשהייט. מיט דיעזע געדאנקען האט ער זיך געשיידט מיט דער וועלט, זיין קארפער איז געשטארבען, אבער זיין נאמען, זיינע עדעלע געפיהלע וועלען נאך לאנג לעבען צווישען אונז: ווילנא האט זיך צוא בערימען, דאס זי איז די געבורטס שטאדט פון דיעזעם גרויסען מאן. יא, אנטאקאלסקי וואר איין ווילנער יודישער בעל

מלאכה. נור זיין טאלענטפאלער גייסט, נור דער הייליגער פייער, וואס האט געברענט ביי איהם אין הערצען, האבען איהם אויפגעהויבען פון זיין ארעמען נידעריגען שטאנד און געמאכט פיר איין וועלט בערהמטען קונסטלער, פיר איין שטאלץ פון זיין פאלק! מיר האפען, דאס דיא חברה, וואס טראגט אויף זיך זיין נאמען, וועט אנווענדען אלע איהרע קרעפטען און טאהן אלעס מעגליכעס, אום צוא [illegible] זיין ווירדיגען אנדענקען!

